ב. י. ביאַלאָסטאָצקי

# י. ל. פרץ

## צום פינף און צוואַנציקסטן יאָרצייט



(1915—1940)



1940

"C.Y.C.O."—NEW YORK, 425 LAFAYETTE STREET



נאָר וואָס דערשינען:

„ציקאָ“ בראָשורן וועגן וויכטיקע ליטעראַרישע דאַטעס.

●

## 1. אברהם גאָלדפאַדען

צו זיין הונדערטסטן געבוירנטאָג

(16 זייטן) פרייז 10 סענט

פון זלמן זילבערצווייג

## 2. שלום אַש

צו זיין זעכציקסטן געבוירנטאָג

(16 זייטן) פרייז 10 סענט

פון שמואל ניגער

---

## 3. „דער קריזיס אין יידיש“

רעפעראַט, געלייענט ביי דער

„ציקאָ“ (32 זייטן)

פון מנחם באָריישאַ

---

מיט באַשטעלונגען זיך ווענדן צו

„ציקאָ“-פאַרלאַג:

CYCO, 425 Lafayette St., New York

1

# אונטער דעם צייכן — י. ל. פּרץ

א פערטל יאָרהונדערט איז פאַרביי (1915—1940) זייט יצחק לייבוש פּרץ איז פון אונדז אוועק. און איצט, ווען מיר פייערן זיין 25טן יאָרצייט, זעען מיר זיך אַרום, אַז מיר שטייען אונטער דעם צייכן — י. ל. פּרץ. מיר שטייען אונטער דעם שיין פון זיין „שטערן", מיר לעבן איצט אין די פּרצישע שטימונגען.

מענדעלע און שלום עליכם זיינען אונדז אַנטקעגן געקומען מיטן פּאָלקסטימלעכן, מיט יידישן לעבנס־שטייגער. ביידע האָבן געלאַכט און אָפּגעלאַכט, דאָ קריטיקירט, דעם אַריינגעזאָגט — איינער מיט סאַטירע, דער צווייטער — מיט הומאָר . . . אָבער דער סך הכל: יידישער שטייגער, יידישע פּאָלקסטימלעכקייט.

י. ל. פּרץ האָט אונדז געגעבן קינסטלערישע אידייע, אידעאַליזם און — טראַגיק. פּרץ האָט אונדז געגעבן די טראַגיק פון דער יידישער פּערזענלעכקייט (ר' שלמה פון „די גאָלדענע קייט"); די טראַגיק פון דער יידישער עדה, פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, („ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק") און די טראַגיק פון מענטש אין זיין געראַנגל מיט זיך אַליין — „מאָניש" אין דער זינד־נעץ פון לילית . . .

טראַגיק פון דער יידישער פּערזענלעכקייט. דער הויכער, שטאָלצער ר' שלמה מיט דעם חלום פון אייביקן שבת אויף דער וועלט, וויל ניט מאַכן קיין הבדלה, וויל ניט אַריינלאָזן די וואָך, — די וואָכעדיקייט פון האַנדל־וואַנדל. די וועלט וויל מער ניט וואַרטן! — רופט ער אויס אין דערהויבונג. חרוב זאָל ווערן די וועלט, אָבער שבת זאָל זיין! און ער זעט, און ער דערנענט, די שמחה און דעם טאַנץ פון דער גאולה, פון יום שכולו שבת . . .

אָבער דער דור — די חסידים — ווי ל י ע וואַרטן. „נשמהלעך, גופימלעך" ציען זיך צו דער וואָך. ר' שלמהס חלום פאַלט . . .

די טראַגיק פון דער עדה. (געשריבן אין די יאָרן נאָך דער ערשטער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. טעג פון שווערע שטימונגען) אויפן ביינאַכטיקן „מאַרק" קלייבן זיך צונויף, מישן זיך אויס, די

לעבעדיקע, צוזאַמען מיט די טויטע, וואָס קריכן פון די קברים אַרויס. קומען אויך די בלאָנדזשענדיקע נשמות פון עולם התוהו . . . און די רייד פון די לעבעדיקע מישן זיך אויס מיט די רייד פון די מתים. אַלע ווילן לעבן, אַלע זוכן, אַלע מאָנען, און אַלע שרעקן זיך פאַרן רוף, פאַרן קריי פון האָן . . . עס שלייכן און שאָטענען זיך פאַרשידענע געשטאַלטן. אָבער אַלע זיינען זיי גלייך אין זייער נאַכט־טראַגיק. די טראַגיק פון קהל, פון דער גאַנצער עדה.

און די טראַגיק פון דעם מענטש — דער מענטש אין זיך גופא, אָפּגעזען פון די אַרומיקע געזעלשאַפטלעכע אומשטענדן. די טראַגיק פון „מאָניש", וואָס אָט איז ער גוט און פרום, אָט איז ער ריין און דערהויבן, און אָט שוין — ווערט ער באַהערשט פון יצר הרע, פון זינד. ניט אויסגעהאַלטן דעם נסיון. אַוועק צו דער „חורבה", אַוועק צו דער זינדיקייט . . .

אונדזער לעבנס־שטייגער איז איצט צום גרעסטן טייל צעשטערט. וואו איז איצט אונדזער וואונדערלעכער „טביה דער מילכיקער?" וואו איז איצט דער פאַרהאַוועטער „מנחם מענדל?" וואו איז איצט „שרה שיינדל?" וואו זענען די יידישע פורים־שפּילער, די „גאָלדשפּינערס" פון אונדזער פאָלקסטימלעכקייט? וואו איז מענדעלעס „פישקע דער קרומער", וואָס ער טראָגט אין זיין טאָרבע ניט נאָר בעטל־ברויט, נאָר אויך ליבשאַפט, בייגקשאַפט און מענטשלעכקייט? . . . וואו איז איצט „מאָטל פייסי דעם חזנס"?

אַנטרונענע, צעריסענע, פאַריאָגטע! פּליטים!

אַ טייל פון זיי שמאַכטן איצט — אין יאָר 1940 — אין דער לובלינער געטאָ, אונטער דער נאַצישער בלוטיקער בייטש. לובלין! אַזוי נאָענט צו פּרצעס געבוירן־שטאָט, זאַמאָשץ. וואו איז איצט אונדזער ליבע, גוטע פאָלקסטימלעכקייט?

אין טעג פון אומגליק דערפילן מיר נאָך טיפער דעם ברי פון פּרצעס טראַגיק, ווי זי איז פאַרקערפּערט אין זיין שאַפן.

פּרץ — ד ע ר ע ר ש ט ע ר ט ר אַ ג י ק ע ר א י ן א ו נ ד ז ע ר ל י ט ע ר אַ ט ו ר.

און אין דער זעלביקער צייט קומט אונדז אויך אַנטקעגן פּרץ דער וויזיאָנער, דער בעל־חלום. איבער דער ערדישער גראָקייט האָט ער תמיד געוואָלט אויפהענגען אַ שיינעם חלום . . .

זיין „לעקטאָר" אין „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" רופט אויס:

— פינצטער איז די נאַכט — נאָר די לעגענדע וואַכט!

פּרץ האָט אונדז געלערנט ניט אַראָפּצופאַלן אין טאָל פון יאוש.

פרץ האָט אונדז אויך איבערגעלאָזט די ירושה פון ג ל ו י ב ן — א י ב ע ר ג ו ו א ל ד ! גלויב ! אַזוי אפילו מורמלען און וואַרקן די טויבן, וואָס פאַלן מיט זייערע העלדזעלעך אויף דעם שאַרפן אויסגעדראָכטן חלף פון יונתן (אין „די גאָלדענע קייט") אַזוי שיינט אַראָפּ די וואָלקן־געשטאַלט אין „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק", וואָס אויפן שטערן זעען זיך געצייכנטע אותיות: „גלויב!"

פּרצעס גלויבן — איבערגוואַלד. דאָס איז דאָך אַזוי אייגן צו אונדזער היסטאָרישקייט, צו אונדזער טראַגישן שיקזאַל, צו אונדזער געשיכטלעכן מאַרטירערטום.

צוזאַמען מיט די עקסטאַטישע געשטאַלטן זיינע קומען אונדז איצט אַנטקעגן — נאָך נעענטער ווי פריער — אויך די ג ע ד ו ל־ ד י ק ע נשמות זיינע, די וואָס לייטערן זיך, די וואָס בלאָנדזשען און זוכן „מתנות" צווישן יידישע קדושים, די וואָס זוכן צו „באַ־העפטן די צעוואָרפענע מיראַזשן־פלעמלעך" (פון זיין „צווישן צוויי בערג").

פרץ האָט אונדז איבערגעלאָזט די עקשנות פון דעם „בריסקער", עקשנות פאַר דער גראַדקייט אין מענטשלעכן לעבן; דאָס געדול־דיקע שווייגן — פון „באָנציע שווייג"; די אינערלעכע בטחונדיקע פאַרטאַיעטקייט פון דעם „ביאַלער" (פון די „צוויי בערג"), דעם ניגון פון זיין פּאָעטישער דערציילונג: די „מקובלים".

פרץ האָט יעדן אונטערגעטראָגן — חלום. דעם וואַסערטרעגער, („שלום בית") ווי דעם „מקובל"; דער פרוי, ווי דעם קינד („דאָס קראַנקע יינגל") אָבער שטענדיק איז ער דאָך געבליבן מיט בײדע פיס אויף דער ערד, נאָנט צום מענטש.

צווישן חלום און וואָר האָט זיך פרץ אומגעוויגט זיין גאַנץ לעבן.

פרץ האָט זיך קינסטלעריש אַמבעסטן געפונען אין די „פּאָלקס־טימלעכע געשיכטן" (כאָטש אייניקע ליידן פון צופיל סטיליזאַציע), ווייל דאָ — אין די „געשיכטן" האָט ער דערגרייכט פולן סינטעז פון חלום און וואָר. קעלער־שטוב אַליין — האַרטע וואָר — איז פּרצן ניט גענוג. חלום אַליין — די ליבשאַפט הינטער דעם „שפּאַנישן וועגטל אין קעלער" (אין דער דערציילונג „די קעלער־שטוב") איז אים אויך ניט גענוג. האָט זיך די וואָר ביי פּרצן שטענדיק אַרומגעריסן מיטן חלום . . . אַמאָל — צום גוטן פון זיין שאַפן, און אַמאָל צו שלעכטן, צום ניט־געראָטענעם. אָבער אין די „פּאָלקסטימלעכע געשיכטן" האָט ער דערזען זיין — סינטעז. חלום און וואָר זע־

נען צוזאַמענגעגאָסן צוזאַמען. פּרצעס פולסטער סינטעז. אַט איז דער נעמירהאָוועראַ — רבי, און אַט איז ער שוין גאָר פּויער, וואָס האַקט האָלץ פאַר אַן אַרימער אַלמנה, און אַט — שוין פליט זיין נשמה יעדן טאָג הויך אין הימל אַריין, — „אויב ניט נאָך העכער". די נידער — צונויפגענומען מיט דער הויך... דער אייגנאַרטיקער ה ו מ אָ ר פון פּרצעס רעאַליזם — צונויפגעגאָסן מיט דער רעלי־גיאָזיטעט פון זיין ראָמאַנטיק.

דאָס איז פון דער קינסטלערישער זייט. און אויך אידייאיש האָט דאָ פּרץ געפונען זיין אמתן באָדן. ער האָט אין די „פאָלקס־טימלעכע געשיכטן" דערזען, ניט נאָר די יידישע מעשהדיקייט, די „געשיכטע", ווי דעם ג ע ש י כ ט ל ע כ ן זין פאַר אונדזער ווייטער־גיין! די „געשיכטן" גיבן אַ היסטאָרישן הינטער־גרונט פאַר אונדזער גאַנג דורך דורות. עטיק. לייטערונג. ברייטע דער־הויבענע, אין ליידן־אויסגעגליטע מענטשלעכקייט.

געשטאָרבן איז פּרץ אין דעם ערשטן יאָר פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. נאָענט צו די יידישע גרושים, דאַמאָלסטיקע פּליטים; טויט און פאַרוויסטונג.

און מיט 25 יאָר שפּעטער, אין יאָר 1940, צו זיין 25טן יאָר־צייט, לעבן מיר ווידער אַדורך די זעלביקע שרעק־בילדער, אין אַ נאָך פיל־ערגערער און שווערערער מאָס, מיט אַ סך מער שרעק אין הארצן פאַרן מאָרגנדיקן טאָג.

די פאָלקסטימלעכקייט אונדזערע איז איצט צעריסן. זאָל נאָר פּרצעס „לעגענדע", און פּרצעס „חלום" ניט אויסגעלאָשן ווערן. פּרצעס ייד וואָס בייגט זיך איין („אין „די דריי מתנות") אויפצו־הייבן זיין יאַרמולקע, ווען ער גייט אַ געבייטשטער דורכן „סטראָי" — דאַרף אונדז זיין אַ טרייסט, ווי די טראַגיק פון אונדזער גאַנצן עבר דאַרף אונדז זיין אַ טרייסט און דאַרף אונדז שטאַרקן אויך איבערצוקומען די איצטיקע טראַגישע טעג.

2

## פון זשאַרגאָן צו יידיש; פון בילדונג צו שאַפן

אין דעם אויפגאַנג פון אונדזער לעבן מיט אַ יאָר 60 צוריק. י. ל. פּרץ — פּאָעט, דערציער, און קעמפער אין איין און דערזעלבי־קער צייט. אַט איז אונדזער שפּראַך ביי אים נאָך געווען בלויז „זשאַרגאָן", אָבער עס נעמט ניט לאַנג און ער דערזעט אין יידיש

דעם נס פון אונדזער מאָדערנער צייט; ער דערזעט אין יידיש דעם נייעם קאַנאַל דורך וועלכן עס דאַרפן דורכפליסן, אַדורכגיין אַלע אונדזערע גייסטיקע שטראָמען. ער קעמפט קעגן אַסימילאַציע. ער קעמפט קעגן משכּילים; ער קעמפט קעגן דרויסנדיקע שונאים. ער שרייבט פובליציסטיק. ער שרייבט פעליעטאָנען. ער האַלט רעדעס. ער מאַכט רייזעס איבער שטעט און שטעטלעך.

און ער העלפט לייגן די פונדאַמענטן פון אונדזער ליטעראַטור.

אָט קומט ער מיט אַ פּראָגראַם פון „בילדן דעם עולם". פאַר־שפּרייטן וויסן—גאַנג פון דער השׂכּלה. אָבער באַלד גייט אָט־די פאַר־שפּרייטונג איבער אין אַ פ ו נ ק צ ן ד ע ר ש פּ ר י י ט ו נ ג פון פליגלען, באַלד ווערט עס: ניט סתם בילדן דעם עולם, נאָר דערהויבן, באַשאַפן אַ גאַנצקייט אין דער מאָדערנער יידישקייט, זוכן אַ סינטעז, שמידן אַ נייעם רינג אין דער דורותדיקער „גאָלדענער קייט" . . .

מען רופט אים: דער פאָטער פון דער יידישער ליטעראַטור. אויף וויפיל דאָס מיינט: געבורט פון דער מאָדערנער ליטעראַטור אונדזערער איז עס אפשר אמת, כאָטש מענדעלע איז פאַקטיש דער פאָטער פון אונדזער ליטעראַטור. (דער נאָמען „זיידע" פאַסט זיך — גלויב איך אינגאַנצן ניט צו דעם שטרענגן, דערציערישן מענ־דעלע.)

אָבער פּרץ — אין דער אמתן געמען — איז ניט בלויז „פאָטער", און איז ניט אַזוי פאָטערלעך אין זיין שאַפן.

פּרץ קומט ניט מיט דער פאָטערלעכער הדרת־פּנימדיקייט אין דער ליטעראַטור. פאַרקערט, פּרץ קומט מיט יוגנטלעכקייט און ראָ־מאַנטישקייט. פּרץ איז דער אויסדרוק פ ו ן ד ע ם י ו נ ג ן ד ו ר. זיין אימפּעט, זיין „ראָמאַנצעראָ", זיינע עראָטישע לידער, אפילו זיין פראַגמענטאַרישקייט אין שרייבן, זיין איילן זיך, — אַלץ האָט אין זיך אַ פרישע יוגנטלעכקייט.

פּרץ האָט אַ ר אָ פּ ש פּ ר י נ ג ע נ ד י ק פון די השׂכּלה־ראַנדן („אַראָפּשפּרינגענדיק" און ניט מיושבדיק אַראָפּנידערנדיק, ווי, אַ שטייגער מענדעלע) געבראַכט אַ טיפע בענקשאַפט נאָך ז י י ן, אַ בענקשאַפט נאָך לעבן, אַ בענקשאַפט נאָך זעלבסט־דערקענטעניש אין אונדזער ניי־יידישקייט. פּרץ האָט אונדז געבראַכט און אויס־געדריקט ד י ז ו כ ע נ י ש פ ו ן אַ ג אַ נ צ ן ד ו ר אוי ס צ ו ל ע ב ן ז י ך ג אַ נ ץ א ו ן פ ו ל א ו י ף ד ע ם ב אָ ד ן פ ו ן י י ד י ש ן ל ע ב ן א ו ן י י ד י ש ן

ש א פ ן ; פּרץ האָט דערביי — אין זיינע טראַגישע טענער — געבראַכט די ניט־זיכערקייט פון דעם מהות פון דער מאָדערנער ייִדישקייט, און דעם צער פון דעם פאַרבענקטן ייִדישן ניגון, וואָס ווערט אַלעמאָל מגולגל אין עפּעס נייס („גלגול פון אַ ניגון") און דאַרף ביי יעדן נייעם גלגול זוכן זיין אייגענעם אָנהייב, זיין שורש...

זאַמאָשץ. דער טאַטע אַ מתנגד. די שטאָט איז אַ צענטער פון דער דאַמאָלסטיקער השכלה. השכלה און העברייאיזם. פאַראַן דאָרט אויך חסידים, נאָר דער יונגער פּרץ לעבט אָפּגעשיידט פון זיי, כאָטש פון וויטן דערגייען צו אים זייערע ניגונים . . .ער לערנט זיך ביי אַ רבין אַ מתנגד. אָבער אָט האָט ער שוין אַן אַנדער רבין ר' מיכל, אויף וועמען מען זאָגט, אַז ער איז אַ באַהאַלטענער „קאצקער". הייבט ער שוין אָן איינזאַפּן טענער פון ייִדישער מיסטיק, ניגון און בענק־שאַפט . . . שפּעטער קומט צו אַ רבי, ר' פּנחסל פון שעבערשין, אַ „נאָנטער קאצקער" . . .

דער יונגער פּרץ רייסט זיך, איז אומרואיק. מען האַלט אים פאַר אַ ווילדן, פאַר אַ משוגענעם. ער זוכט אַ וועג. כאַפּט זיך צו צו קבלה־ספרימלעך, וואָס ער געפינט פאַרשטעקט אין גרויסן בית־מדרש . . . זאַפּט איין אין זיך ייִדישע וויזיעס. שדים, מלאכים. רמזים, פּינטעלעך,—ווערן זיי דער אָנהייב פון פּרצעס פּינטעלעך...

שרייבנדיק אַליין וועגן יענע יונגע יאָרן אין זיינע „זכרונות" זאָגט פּרץ:

— איך בין אַרומגעגאַנגען אין עולמות העליונים, פאַר'מרה־שחורה'ט, מיט וועלט־טראַגישע חלומות און געדאַנקען, וואָס פאַר אַ תכלית האָט דער מענטש? די וועלט? ידיעה ובחירה... פון וואַנען נעמט זיך, און צו וואָס — דער יסורים און צער?

און צוזאַמען מיט דעם זאַפּט זיך אַריין אין זיין יונגער נשמה אַ צער — ניט פון דער ווייטער וועלט, נאָר דער קאָנקרעטער און נאָנטער צער פון די אַרעסטירטע און געפייניקטע אין דער אַלטער זאַמאָשצער פעסטונג. געדענקט ער די הינריכטונג פון אַ סאָלדאַט, וואָס האָט געוואָלט אַנטלויפן פון דער פעסטונג און דינסט — צוריק צו זיין דאָרפישער מאַמען . . . געדענקט ער די שמיץ, וואָס אַ קאַנטאָניסט האָט געקראָגן איבערן נאַקעטן לייב פאַרן אַריינכאַפּן זיך אין דער זאַמאָשצער שול צו כאַפּן אַ מנחה . . . פּעדים און טע־נער, וואָס האָבן אין אים שפּעטער זיך געוועקט ביים שטעלן זיך נאָנט צום סאָציאַליזם און — („דער געפייניקטער קאַנטאָניסט וואָס

בענקט צום שורש״) — ביים פונאנדערוויקלען זיין נעאָ־חסידיזם.

— ישראליקל שטיי אויף! מאַך אויף די לאָדן! עס איז שוין גרויסער טאָג! . . .

דערטראָגט זיך קיין זאמאָשץ אלס שטארקער דער רוף פון יידי־שע עולמשע משכילים. „די הימלישע טאָכטער — די השכלה — קומט אראָפּ אויף דער ערד!״

פּרץ דערהערט דעם רוף, נאָר אריינגעצויגן אינגאנצן אין דעם ווערט ער ניט. די השכלה איז פאר אים געווען צו טרוקן. ער האָט גלייך דערפילט אז דאָס מיינט: „צווייגעלעך אראָפּרייסן פון בוים און אריינזעצן זיי אין אַנדערע טעפּ. אין אַנדערע גערטנער״. אים אָבער ווילט זיך — דאָן נאָך ניט גאָר קלאָר — „ברענגען ליכט און לופט צו די שטאמען אין אונדזער אייגענעם גאָרטן״.

און דאָ, אַ מערקווירדיקע מעשה, ווי אַ זעלטענער יידישער טיפּ מיט דעם נאָמען מיכל פידלער האָט אין זאמאָשץ, ערגעץ אויף אַ בוידעם אַ באהאַלטענע ביבליאָטעק. פּרץ געפעלט אים, און ער טרויט אים אָן דעם שליסל אַהין, צום בוידעם.

אין זיינע „זכרונות״ שילדערט י. ל. פּרץ, אַז דער דריי מיטן שליסל — צום בוידעם אַרויף — איז געווען ביי אים אַ איבערגאנג צו אַ נייעם לעבן, צו אַ נייער עפּאָכע. ער געפינט דאָרט אַלערליי ביכער. ביכער אויף דריי שפּראַכן — פּויליש, דייטש, פראַנצויזיש. ער שלינגט איבערזעצטע ביכער פון וויקטאָר הוגא, דיומא, סי; ער לייענט פּוילישע ראָמאַנטיקער. פאַלן אים אויך אריין אין זיינע הענט פילאָזאָפישע ווערק, וויסנשאַפטלעכע, אַפּיקורסישע, פּאָעטישע.

די דאָזיקע אַלע ביכער מאַכן אַ איבערקערעניש אין זיין נשמה. אַ געמיש פון געדאַנקען. אַ געמיש פון איינפלוסן. און ניטאָ מיט וועמען זיך מיישב צו זיין, מיט וועמען זיך דורכצורעדן . . . טראַכט ער אַליין — אין התבודדות. שאַרפט דעם מוח.

אָנגעהויבן שרייבן האָט י. ל. פּרץ אויף העברייאיש. ער האָט זיך געדרוקט אין „השחר״. אָבער זיין באַציאונג צו יידיש איז אַלעמאָל געווען זייער אַ פריינדלעכע, אַ נאָנטע. דער פאָטער פון זיין ערשטער פרוי, גבריאל יהודה ליכטנפעלד, (וועלכער האָט אויף פּרצן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג.) האָט אַליין, כאָטש אַ העברייער און משכיל, געהאַט אַ ליבע באַציאונג צו יידיש.

פּרץ שרייבט „שירים״ אין יידיש אין יאָר 1878, און שפּעטער. אָבער זיי האָבן ניט קיין קינסטלערישן ווערט. זיי זענען פון אים ניט אויפגעהיט געוואָרן.

אין יאָר 1886 דרוקט ער זיך ווידער אין דער העברייאישער שפּראַך אין סאַקאָלאָווס „האסיף", אין וואַרשע. זיין נאָמען אַלס העברייאי־שער שרייבער האַלט אין וואַקסן. פּרץ איז שוין דאַן 34 יאָר אַלט (געבוירן אין יאָר 1852). ער דרוקט מעשיות און פאָלקס־לעגענדעס, וואָס צו דעם האָט אים, הפּנים, געצויגן פון קינדהייט אָן. אינטע־רעסאַנט זענען: 1) זיין דראַמאַלסטיקע פּאָעמע אונטערן נאָמען „העיר הקטנה", וואו ער גיט אַ גוט־פּאָעטישע שילדערונג פון אַ קליין יידיש שטעטל (דאָס זעלביקע שטעטל וואָס האָט זיך שפּעטער באַוויזן אין זיין „מאָניש") 2) און זיין צווייטע פּאָעמע „מנגיני הזמן" אין וועלכער ער דריקט שוין דאַן אויס זיין באַציאונג צו יידיש.

ער שרייבט דאָרט אַזוי:

—די שפּראַך פון בערל און שמערל, דאָס איז דאָך דער לשון פון די פאַרטריבענע, דער לשון פון די יידן, וואָס וועט זיין אַן אייביקער עדות אויף דעם פאַרגאָסענעם בלוט, אויף די רציחות און חורבונות און אויף די אַלע יידישע וואַלגענישן פון לאַנד צו לאַנד, דער לשון, וואָס האָט אין זיך איינגעזאַפּט דאָס געוויין פון אונדזערע עלטערן, דעם ווייגעשריי פון די דורות".

פון דעם איז צו זען, אַז ווען פּרץ האָט מיט צוויי יאָר שפּעטער, אין יאָר 1888 אָנגעשריבן זיין ערשטע פּאָעמע אין יידיש „מאָניש", און ער האָט דאָרט זיך באַקלאָגט אויף דער ניט־רייכקייט פון דער יידישער שפּראַך, האָט ער דערמיט ניט געוואָלט דערנידעריקן דעם „זשאַרגאָן", ווי אַלערליי משכילים און אַנדערע יידיש־קענער פון יענער צייט, נאָר ער האָט בלויז מיט דעם אויסגעדריקט זיין ווילן די פאָלקס־שפּראַך רייכער צו מאַכן! צו דערהייבן זי!

און אָט אַזוי באַווייזט זיך יצחק ליבוש פּרץ אין דער יידישער ליטעראַטור.

ביז צום היינטיקן טאָג איז „מאָניש" איינס פון פּרצעס גאַנ־צעסטע און בעסטע שאַפונגען. ס'איז ניי און ריטם. פריש, אָטמ־דיק און צאַפּלדיק. „מאָניש" האָט מיט 52 יאָר צוריק שוין גע־טראָגן אין זיך אַלע פּרצעס שאַפונגס־כוחות, ווי זיי האָבן זיך דער־נאָך צעבליט אין יידיש.

ס'איז אַ מעשה ~~ווענן אַ~~ שיינעם יונג אַ לערנער, אַן עילוי, וועל־כער שווימט אין ים פון תלמוד, איז פרום און אָפּגעהיט. ווי אַזוי אָט דער פרומער בחור ווערט דערנאָך פאַרפירט פון „ניט־גוטע" און ער פאַלט אין דער נעץ פון „מאריע" און אין דער נעץ פון לילית.

האָבן מיר דאָ דען ניט דעם אָנהייב פון פּרצעס שפּע־טערדיקע פאָלקס־געשיכטן ? אויך דער סיוזשעט פון „מאָניש" איז אין תוך פאָלקס־מעשה. די מעשה מיט דער חורבה הינטערן שטעטל, די מעשה מיטן פארשטעלטן דייטשן סוחר, וועלכער ברענגט א שיינע טאָכטער (פון די „ניט־גוטע" . . .) די מעשה מיט די שדים, לאַפּיטוטן, מיט דעם באַרג אררט, וואו סמאל געפינט זיך מיט זיין שרימשער מלוכה . . . דער מאָטיוו פון ליבע און אויסגעלאסנקייט. דאָס וויגן זיך אַרויף און אראָפּ, פון מלאך און שד, פון גוט און שלעכט, דער מאָטיוו פון מענטשלעכן געראנגל אין זיך גופא, דער מאָטיוו פון עראטיק און בענקשאפט, — און דאָס אַלץ געבויט אויף אַ שטעטלשן לעבן, ניט אויסגעהוילט, ניט אויסגעטראכט, נאָר אַ זאַך פון לעבן, ארומגערינגלט מיט מענטשן און זייערע גלויבונגען — איז דען דאָס ניט דער גאַנצער פּרץ ?

און די פּאָעמע „מאָניש" האָט צו גלייכער צייט געבראַכט מיט זיך אַ שלל פון ריטמען. אָט איז כּאָריי, און אָט איז יאמב, און אָט אמפיבראך, און אָט גאָר — בלאַנקער פערז ! עד היום פארמאָגט „מאָניש" אַ פרישקייט אין דער ריטמיק. בייט זיך דער אימפּעט — בייט זיך דער ריטם. ווער וויים ווי טיף און ברייט עס איז גע־גאַנגען די ווירקונג פון „מאָניש" אין דער יידישער פּאָעזיע !

פּרץ גיט זיך איבער צו דער יידישער ליטעראַטור מיט לייב און לעבן. ער דערפילט דאָס אָנקומען פון אַ נייער יוגנט. ער דער־פילט דעם אָטעם פון נײַ־יידישן סאָציאַליזם, פון פאָלקסטימלעכן ציוניזם. (כאָטש צום ציוניזם, ווי צו אַ באַוועגונג בלייבט ער קאַלט. זיין נאָנטקייט צו העברייאיש בלייבט אָבער ביי אים אויף תמיד).

קומען זיינע סקיצן און דערציילונגען. „דער משוגענער בטלן", (1903) „וועננום און שולמית", „דער תענית" (אַלע אין יענער צייט) קומט זיין „יידישע ביבליאָטעק" וואָס ער גיט ארויס צוזאמען מיט יעקב דינעזאָן ; קומען דערנאָך (צוזאמען מיט דוד פּינסקי) די באַרימטע „יום־טוב בלעטלעך", וועלכע האָבן געשפּילט אזא גרויסע ראָלע אין דעם אויפקום פון נייקייט אין דער יידישער ליטע־ראַטור ; (אָנהייב פון די „בלעטלעך" — 1894). קומען פּרצעס באַלאַדן און לידער, זיינע סאַטירעס, זעט זיך שוין דער דירעקטער איינפלוס פון סאָציאַליזם ; באַווייזט זיך זיין „דאָס שטריימל" און „באָנציע שווייג" (אין יאָר 1894) ; קומען די ערשטע „פאָלקס־טימלעכע געשיכטן" (אין די יאָרן 1900—1901) — „אַ גלגול פון אַ ניגון", „אויב נישט נאָך העכער", „צווישן צוויי בערג" ; קומט

דערנאָך זיין „גאָלדענע קייט״ (ערשטע קאַפּיטלעך אין יאָר 1907, נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע); קומט זיין „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק״. און אינמיטן פון דעם: לידער און גראָטעסקן, און אַנדערע חסידישע מעשות און פעליעטאָנען, און קאַמפּס־אַרטיקלען.

מיר האָבן גאָר אין אָנהייב דערמאָנט מענדעלע און שלום עליכם. ווילן מיר דאָ צוגעבן:

אויב מענדעלע איז געווען דער, וואָס האָט וואָרט צו וואָרט, ווי ציגל צו ציגל, געטראָגן פאַר אונדזער ליטעראַרישן בנין; אויב שלום עליכם מיט זיינע „טביהם״ האָט געהאָלפן די פיר ווענט אויפ־צושטעלן, — דאַן איז י. ל. פּרץ געווען דער יעניקער, וואָס האָט אין די ווענט פענצטער דורכגעבראָכן, שויבן אַריינגעשטעלט, — פענצטער און שויבן צו דער לבנה פון זיינע „קראַנקע״, טרוימערישע יינגלעך, צום חלום.

3

## אויף פּרצעס וואָגשאָל

וויקלט זיך פונאַנדער פּרצעס פּערזענלעכקייט. די גרונט־שטריכן פון זיין רייפער קינסטלערישער געשטאַלטונג האָבן טיילווייז זייערע וואָרצלען אין זיין לעבנס־ביאָגראַפיע. פּרץ איז ניט קיין געמיש פון אַלערליי זיך־סותרדיקע מאָטיוון ווי עס קען זיך דוכטן לויט די פאַרשידענע שטימונגען ביי אים, און לויט די פאַרשידענע קונסט־זשאַנרען, וואָס ער האָט אונדז איבערגעלאָזט. פּרץ איז ניט קיין צופעליקער, און ניט קיין צעריסענער, אוודאי ניט קיין צע־ברעקלטער. עס איז דאָ ביי אים אַ פּרצישע גאַנצקייט, אַ קינסט־לערישע אָרדנונג, און אַן אייגנאַרטיקע סינטעטישקייט.

פּרץ דער מענטש און פּרץ דער פּאָעט, האָט זיך פון זיין קינד־הייט אָן באַוועגט אין אַ צ ו ו י י ע נ ד י ק י י ט. אַזוי ווי אויף אַ וואָגשאָל. די אַלערלייאיקייט זיינע קען גרינג ביי אים — אין זיין גאַנצן שאַפן — צוגעפירט ווערן צו אָט דער וואָגשאָל־בילד. זיין דערציילונג „צווישן צוויי בערג״ איז גאָר אַ מין צייכן פאַר אים אַליין, וואָרום ער אַליין האָט זיך תמיד באַוועגט צווישן צ ו ו י י.

אין זיינע „זכרונות״ שרייבט ער דאָס פון דער פריסטער יוגנט־אָן איז ער געווען: קאָפּ און געמיט. און ער האָט אַמאָל געהאַט פון דעם צרות... קאָפּ און געמיט, שכל און פאַנטאַזיע. אָט איז ער קלאָרער שכל — און אָט שוין יאָגט איבער אים אַ הייסער געמיט, „אַ פאַרבלענדעניש״.

חלום און וואר גייען צוזאמען.

געהאָדעוועט צווישן מתנגדים, פאַלט ער גאָר אריין, לויט זיין ביאָגראַפיע, צו אַ פּאָר מלמדים, וועלכע זיינען „נעבאפּט" אויף חסידות . . . ניגון מישט זיך אויס מיט — דאַווענען, לערנען, מיט — דבקות.

און די איינגעבאָרענע צווייענדיקייט אין אים — קאָפּ און געמיט — ברייטערט זיך אויס, פאַרוואָרצלט זיך, און ווערט דער צייכן פון זיין גאַנצן שאַפן.

אַרויף און אַראָפּ, „דאָס צינגל פון דער וואָגשאָל צאַפּלט זיך".

עס באַווייזט זיך ביי פּרצן אַזאַ מין צווייענדיקייט, וואָס איינס איז ניט סותר דאָס צווייטע, נאָר איינס דערגאַנצט דאָס צווייטע.

אַזוי ווי אַ וואָגשאָל פון צוויי שאָלן קען ניט זיין מיט איין שאָל, אַזוי קען פּרץ ניט זיין — אויף איין שאָל . . .

אָבער די וואָגשאָל אין זיך — טאַקע מיט ביידע שאָלן — איז אַ גאַנצקייט, די פּרצישע סינטעטישקייט.

קומט ביי פּרצן — „טרוים און וואָר". באַווייזט זיך „טרוים", קומט גלייך אַנטקעגן די צווייטע שאָל — וואָר!

„ערד" און „הימל". דאָס איז דאָך אויך אַ מין צווייענדיקייט, וואָס פירט פאַקטיש צו איינס . . .

און אָט דאָס וואָגשאָל־בילד, ווי אַ שליסל צו זיין פּערזענלעכקייט און שאַפן, גיט אונדז טאַקע י. ל. פּרץ אַליין. ער שרייבט אין זיינע „זכרונות" (זייט 38, קלעצקין־אויסגאַבע) אַזוי: „ווערט מיר תמיד בולט — זאַץ און קעגנזאַץ, צוזאַמען, אַ וואָגשאָל־בילד".

פּרץ האָט תמיד געזען זאַכן — ניט אַזוי אין זייער קאָנטראַסט־אַסאָציאַציע (ווי אים אַליין האָט זיך געדוכט, זע „זכרונות" אויף דער אויבן־אָנגעגעבענער זייט) און ניט אפילו אין זייער דואַליזם, אין זייער צוויי פּנימדיקייט, נאָר אין זייער נאַטירלעכער צווייענדיקייט.

ניט אַזוי קעגנזאַץ, ווי צו־זאַץ, די דערפולונג פון דער דערשיינונג.

אַ קאָנטראַסט האָט אָפט מיט דער צווייטער זאַך אינערלעך קיין באַהעפטונג ניט. איינס קומט ניט אַרויס פון צווייטן!

אָבער אַנדערש איז די דערשיינונג: טאָג־נאַכט. דאָס איז פאַקטיש: אַ באַהעפטונג. איינס געבונדן אָן צווייטן.

קומט שכל, גלייך ביי אים אויך געמיט. ביידע צו־

זאמען. קומט באוואוסטזיין, קלאָרקייט, קומט אויך — פאַר־נעבלקייט. פּאָרוויז, פּאָרוויז גייען זיי די מאָטיוון און געשטאַלטן ביי פּרצן.

חסידות און מתנגדות; אפּיקורסות און רעליגיאָזיטעט; מוסר־זאָגער, מאָראַליסט אפילו, און אָט שוין: ניי־חסידות, געזאַנג און ווערטער, פייערלעך, וואָס שוועבן פאַר די צוגעמאַכטע אויגן. אָט ברענגט פּרץ די זינלעכקייט (חושימדיקייט, סעקסואַלי־טעט) פון חסידיזם, און אָט שוין — צוזאַמען! — די זיני־קייט (זין, שכל און געצוימטקייט) פון מתנגדות. קיין מאָ־טיוו באַוועגט זיך ניט ביי אים אָן זיין מיט־מאָטיוו!

רעאַליסט און ראָמאַנטיקער. שטעלט ער אויף אין „קעלער" דאָס שפּאַנישע וועגטל און אָט האָבן מיר ווידערביידע צוזאַמען: אָרימקייט, קליינקייט, גראָקייט, און—צוזאַמען, הינטערן „וועגטל"— — צאַרטע ליבשאַפט, נר־תמיד, דערהויבנקייט.

און אַזוי כסדר און כסדר, אַ וואָגשאָל־בילד. דאָס קינסטלע־רישע צינגל צאַפּלט זיך ... ליגט אין דעם אויסגלייך פון דעם צינגל פּרצעס דערגרייכונג? קיין ראיה ניט. ביי אַזאַ שעפער איז אפשר דאָס צאַפּלעניש דער עיקר ...

קומט י. ל. פּרץ מיט „אַלט און ניי". ניין! ער וועט ניט זיין „ניי" אַליין. ווייל, ווי קען מען עס אָפּלאָזן דאָס „אַלט", וואָס האָט געפירט צום נייעם? ווי קען דען זיין „ניי" אַליין? ...

קומט פּרץ מיט ניי־איראָפּעאישע ריטם־מוסטערן, מיט אימפּרעסיאָניסטישע פּינטעלעך, און זייט ביי זייט—מיט קבלה — רמזים, מיט סטיל און סטיליזאַציע פון רבינס רייד... רים צום נייעם, און — טיפע יידישקייט. נייע ווערטער, אריינגע־טראָגענע פון דער מאָדערנער ליטעראַטור, און — אויך אַ איבער־פולקייט פון העברייאיזמען, שוין צופיל העברייאיזמען, אפילו אַנאַרכראָניזמען.

געווים ,ניט אַלעמאָל איז אים אָט די „צווייענדיקייט" גע־לונגען. אַמאָל האָט עס אים געשאַדט אין זיין שאַפן, אין דער גאַנצ־קייט פון זיין מאָטיוו. אָבער דאָס איז זיין פּערזענלעכקייט — תמיד — אַ שאָל ביי אַ שאָל. רעכטס און לינקס.

איז ער שוין געווען אי „יאָ־זאָגער", אי „ניין־זאָגער". אָט — זיין איראָניע פון „שטריימעל" און אָט זיין יאָ־זאָגן פון „אויב ניט נאָך העכער". איראָניש. אָבער ווי קען פּרץ זיין בלויז — איראָ־

ניש ? ער איז דאָך אויך דאָ — די פאַרערונג... נעגאַטיוו ! אָבער עס איז דאָך אויך דאָ דאָס פּאָזיטיווע, און זיי לעבן דאָך צוזאַמען.

אין אַלע זיינע ווערק קען מען עס באַמערקן. איז פאַראַן ברכיהס טאָכטער, די „ריינע", קומט באַלד די אויסגעלאַסענע (אין „פּאָליש אויף דער קייט".)

קומט דער פיל־דערמאָנטער רבי ר' שלמה, מוז באַלד זיין זון — ר' פּנחסל . . .

אַ וואָגשאָל — אַרויף, אַראָפּ.

„צווישן צוויי בערג", — אַזוי אייגנטלעך האָט זיך פּרץ אַליין באַוועגט אין זיין לעבן און שאַפן.

אַ „צווייענדיקייט" — פון דער אָדער יענער וואַריאַציע קען מען אויך געפינען ביי אַנדערע שרייבער. נאָר ביי פּרצן איז עס גרונטיק. זיין גאַנצער קינסטלערישער באָדן.

פון דאַנען זיין צעטיילטקייט און זיין אייגנאַרטיקער טראַגיזם ; און פון דאַנען אויך זיין אייגנאַרטיקע סינטעטישקייט.

צו אָט דער צ ו ו י ־ ש ט ר אָ מ י ק י י ט , צו אָט דעם מערקווירדיקן פּאַראַלעליזם, זענען שפּעטער נאָך צוגעקומען די „אונטער־שטראָמען" פון דעם ניי־פּסיכאָלאָגישן, פון דעם סימבאָליס־טישן און אימפּרעסיאָניסטישן, פון דער וועלט־ליטעראַטור. (פון די יאָרן אין אָנהויב פון דעם 20סטן יאָרהונדערט) קען מען ביי פּרצן געפינען בלאָנדזשענישן, און ראַנגלענישן, און האַלב־געשטאַלטן פון אַ מעטערלינק, פון אַ סטרינדבערג, און אַנדערע. אַממערסטנס אָבער בלייבט ער זיך געטריי, אַממערסטנס בלייבט ער ביי זיין אייגענער צ ו ו י י ע נ ד י ק י י ט .

מער פון אַלץ האָט פּרץ צו זיין נייגונג צו „צוויי", נאָך צוגעגעבן אַ ספּעציפיש יידישן טעם, אַזוי ווי ער האָט צו אַלץ, צו אַלע זיינע מאָטיוון (אויך געגומענע פון דער פרעמד) צוגעגעבן, און אַמאָל זייער געראָטן — אַ י י ד י ש ן ט ע ם .

ער האָט צו דער צ ו ו י י ע נ ד י ק י י ט צוגעגעבן (צו־געגעבן און ג ע ג ע ב ן ) דעם מאָטיוו און די אַסאָציאַציע פון:

יצר הרע און יצר טוב.

מלאך, שד.

גוטער מלאך, שלעכטער מלאך ; ווייסער מלאך, שוואַרצער מלאך.

גן־עדן, גיהנום.

קטיגור און סניגור.

גוף און — נשמה.
„בריסקער" און „ביאַלער", „חסיד און מתנגד".
כולו זכאי און כולו חייב . . .

באַווייזט זיך כסדר אין זיין שאַפן אַט דאָס דאָזיקע וואָגשאָל־בילד. נאָן מען ווענט! . . . פּרץ רעדט פיל מאָל אין זיינע מעשות וועגן אַ וואָגשאָל, ווי דאָס „צינגל צאַפּלט זיך". אַ באַליבט בילד ביי אים. און אויך דער רבי ר' שלמה זאָגט:

עס הייגגט אין דער הייך אַ וואָג,
פאַרן כסא הכבוד.
וויגט זיך, וויגט זיך די וואָג,
ס'צינגעלע צאַפּלט, צאַפּלט,
כולו חייב, כולו זכאי,
צאַפּלט זי.
און אל רחום וחנון קוקט, —
העלפן קען ער ניט.

אַזוי „קוקט" אויך פּרץ . . .

אַ וואָגשאָל, אָן רו, אין אייביקער צאַפּלעניש, און „העלפן קען ער ניט".

די פּרצישע צווייענדיקייט, סובלימירט דורך דעם ספּעציפיש־יידישן באַנעם, ווערט דערפירט צו אַן אָרגאַנישקייט, צו אַ גאַנצקייט, און באַקומט אַ קינסטלערישן תיקון.

און דערביי:

אַז מען רעדט וועגן די פאַרשידענע פּנימער און פאַרשידענע „שטיקער" פון פּרצעס שאַפן, וועגן די פאַרשידענע „אָנהויבן", וועגן די פאַרשידענע זשאַנרען—דראַמע, רעאַליסטישע דערציילונג; ליד; גראָטעסק; קינדער־מעשה; קינדער־ליד; לעגענדע; שטראָף־אַרטיקלען; קאַמפּס־אַרטיקלען; פעליעטאָנען; מאָנאָלאָגן; רייזע־באַשרייבונגען; איבערזעצונגען, דראַמאַטישע פּאָעמען; פאָרם־זוכעניש, עקספּערימענטן, פראַגמענטן — — — —

יאָ, אַז מיר ריידן — זאָג איך, — וועגן די פאַרשידענע אָנהויבן זיינע און פאַרשידענע דערגרייכונגען דאַרף מען פון דער אידייאיש־געזעלשאַפטלעכער זייט אין זינען האָבן — אויסער אַלץ — נאָך אַ פּונקט:

פּרץ האָט אויף זיינע הענט געטראָגן שטיקער פון אַלערליי זאַכן מיט דעם אידעאַליסטישן באַוואוסטזיין צו שאַפן אַ געזונטן נאָרמאַלן יידישן באָדן, אַ געזונטע גייסטיקייט, עס זאָל אונדז אין

ניי־יידיש, גאַרניט פעלן. אויב פּרץ האָט אַלס קינסטלער דאָ און דאָרט טאַקע געליטן פון דעם, האָט ער עס אָבער געטאָן מיט ליבשאַפט. ער האָט מקבל באהבה געווען אָט דאָס טראָגן אויף זיינע הענט פון אַלערליי שטיקער.

ניטאָ ביי פּרצן די טענדענץ און די באַוואוסטזיניקייט פון דעם משכיל־שרייבער אין זיינע רייפערע זאַכן, אָבער ס'איז דאָ די באַ־וואוסטזיניקייט פון פּיאָנער, שענער צו מאַכן, — שענער און העכער — דעם בנין פון אונדזער ליטעראַטור.

די באַוואוסטזיניקייט — ניט פון סתם־קונסט, — נאָר פון בויער! האָט ער געטראָגן שטיקער פון אייראָפּע און יידישקייט, פון אַלט און ניי, פון רעאַליזם און ראָמאַנטיזם, פון ליד און פּראָזע, פון מעשהלע און פּובליציסטיק, כדי אַלץ זאָל זיין ביי אונדז. ער האָט זיך ניט באַנוגנט מיט איין נוסח.

אַזוי, אַז צו זיין איינגעבאָרענער פּאָעטישער נייגונג צו „צוויי־ענדיקייט" איז נאָך צוגעקומען זיין אידעאַליסטישקייט פון אויס־לייגן וואָס מער וועגן, פון ברייטער מאַכן אונדזער יידישן שאַפונגס־שטח.

## 4

## מיט פּרצעס וויכטיקסטע געשטאַלטן

זיין ערשטע געשטאַלט: „מאָניש". מענטש, אין זיין קאַמף מיט זיך אַליין, מיט דעם יצר הרע אין האַרץ, מיט זינד, מיט שלעכטסקייט, מיט איינגעבוירענער נייגונג צו זאָלאָגישער הנאָה.

מאָניש — שטייט ביים סוף פון דער פּאָעמע — צו אַ קייט צו־געשמידט.

און דער מאָטיוו האָט זיך ביי פּרצן אַ סך מאָל איבערגעחזרט. אַזאַ מין „מאָניש" איז צום רוף פון דער פּאָעמע" אויך דער „זינ־דיקער". (פון זיין „פּאָליש אויף דער קייט"), נאָר אין אַן אַנדער וואַריאַציע.

און אַזוי שטייט גאַנץ נאָנט צו דער געשטאַלט „מאָניש" דער „פּרוש וואָס איז געוואָרן אויס פּרוש". דאָס איז אַ מעשה וועגן אַ פּרוש, — מיט אַ יידיש־מיסטישן נאָכקלאַנג — וואָס ליגט אויף דער האַרטער באַנק, און ער ראַנגלט זיך מיט זיין אייגן ליב, מיט זיין בלוט־פאַרלאַנג, מיט זיין עראָטישן פייער. באַוויזט זיך פאַר אים

אַ קליין מענטשעלע, אַ רויט מענטשעלע אַזאַ — זיין באַהאַלטענער ווילן, זיינע באַהאַלטענע פאַרלאַנגען; און דאָס מענטשעלע ציט אים ביי דער צונג און ציט פון אים אַרויס, אַז ער וויל דאָס יונגע מיידל, דעם שמש׳ס טאָכטער, אַ נאַקעטע וויל ער זי זען, אָט דאָ אין בית־מדרש . . . ביז מאָרד איז ער — דער היילִיקער פרוש — גרייט צו גיין . . .

און פאַראַן ביי פּרצן נאָך אַ פרוש, וואָס עפּעס גאָר אַ אינדיק אויף אַ בוידעם ברענגט אים די תשוקה צו זינד.

און דער „שניידער", וואָס זעט די שיינע פּריצטע אין זיין שיכורן חלום, אין דער ערשטער נאַכט פון זיין חתונה מיט דער בלינדלעכער כלה, — אויך ער איז אַזאַ געשטאַלט, אַלנפאַלס, אַ וואַריאַציע פון דעם זעלביקן מאָטיוו. און אַזוי איז אויך די קליינע דערציילונג: „אַן אָפּקומעניש". אַזוי אויך איין שוועסטער פון די „אַראָפּגעלאָזטע אויגן". אַזוי איז אויך באַשע לאָה פון דער „תאוה צו קליידער". אַזוי אויך די גראַטעסקע מלחמה מיטן יצר הרע, אין איינער פון די מעשהלעך פון „יוחנן דער מלמד".

דער מענטש אין קאַמף פאַר זיין חלום, פאַר זיין גאַנצקייט, פאַר זיין מאָראַל. אין קאַמף פאַר ריינקייט.

דאָס איז ביי פּרצן אַ צענטראַלע פיגור.

און די צווייטע צענטראַלע פיגור ביי אים איז דער גערולדיקער.

אין יאָר 1904 האָט ער אָנגעשריבן זיין „באָנציע שווייג". אַ מענטש וואָס לײַדט און — שווייגט. אָבער שווייגנדיק טוט ער גוטס צו זיינע נאָענטע. ער שווייגט, און ער טראָגט די לאַסט פון לעבן. דורך זיין שווייגן, דורך זיינע לײַדן — ווערט ער דערהויבן.

פּרץ ענדיקט די מעשה ווי באָנציע האָט אויף יענעם עולם געבעטן — אָנשטאָט גן־עדן, אַ הייסע בולקע מיט פּוטער . . . דאָס קלינגט סאַטיריש און איז פון אונדזערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אויסגענוצט געוואָרן ווי אַ סאַטירע קעגן די יעניקע שווייגער, וואָס זייער השגה גייט ניט ווייטער פון אַ בולקע מיט פּוטער . . . אָבער אין דער אמתן איז דער סוף ניט דער עיקר ביי פּרצן. לייענט מען די דערציילונג זעט מען ווי טיף פּרץ האָט זיך צוזאַמענגעלעבט מיטן מאָטיוו פון גערולדיקן, מאַרטירערישן שווייגן, און ווי צופעליק דער סוף איז געקומען . . .

דער גערולדיקער, וואָס גייט אָפּט צוזאַמען מיטן שטילן חלום — באַווייזט זיך ביי פּרצן אַ סך מאָל. אַזוי איז אויך דער טרעגער פון זיין „שלום בית". ער טראָגט שווערע משאות, און שווייגט, און

באקלאגט זיך נים. ניין — ער חלומט נאר פון דעם שיינעם חלום פון גן־עדן . . . אזוי אויך שמערל האלצהעקער פון „דער אוצר".

אזא שווייגער איז אויך דער פישער סאטיע פון „נסים אויפן ים". שווייגנדיק וועבט ער זיינע ים־חלומות.

אזא טיפ איז אויך „יונתן וואסער־טרעגער" וואס אין זיין שטומקייט און אין זיין שווייגן זעט ער טיפער, זעט ער מ ע ר פון דעם אורח חיים...

אזוינע געדולדיקע שווייגער, כאטש דאס ליידן איז גרויס — זענען די העלדן פון זיינע „דריי מתנות". אזא מין שווייגער איז אויך נחמן פון זבאראזש, פון „ביים גוסס צוקאפנס". א מין באנ־ציע, נאר אן דער בולקע . . .

אזא שווייגער איז אויך דער ייד פון דער מעשה: „דער קונצנמאכער". ער האט ניט אויף פסח, נאר ער שווייגט. ס'וועט זיין . . .

דא מישט זיך שוין צו אויך דער מאטיוו פון: בטחון.

אזוינע בטחונדיקע יידן זענען דא פיל ביי פרצן. אזא ייד מיט בטחון איז דער ייד פון „אוצר" פון די „זיבן גוטע יאר" און נאך, און נאך. (יידישער בטחון — איינער פון פרצעס וויכטיקסטע מאטיוון.)

דאס זענען אלץ שווייגער. שטילע נשמות, און ווי פרץ רופט זיי: „שטומע נשמות".

קומט נאך א צענטראלע געשטאלט ביי פרצן — די נשמה וואס מאנט, די נשמה וואס רעוואלטירט.

קודם כל: דער רבי ר' שלמה, וואס וויל מער ניט ווארטן. שבת זאל זיין!

און די געשטאלטן פון „ביינאכט אויפן אלטן מארק". זיי ווילן אויסלעבן זייער ניט־אויסגעלעבטן לעבן . . .

און אט נאך א פשוטע געשטאלט „בערל דער שניידער", וואס וויל מער ניט דאווגען, ער ערקלערט א „סטרייק" קעגן גאט, ווייל גאט גיט אים ניט קיין פרנסה, און ווייל גאטס האנט האט צוגענומען פון אים די דריי פעלעכלעך וואס ער האט אראפגעכאפט ביים רייכן פריץ . . .

נאך א וויכטיקע געשטאלט איז — דאס פאלשע פנים. דער מענטש וואס טראגט א מאסקע. פרץ רייסט אראפ די מאסקע! אמאל קומט עס צו ראפטום, צו משכיליש, אמאל קומט עס: שטיי־לער, קינסטלערישער. אזא מאסקע איז ר' לייב קאנסקיוואלער, וואס

דאווּנט טאַקע, נאָר ער רייסט די לייכטערלעך ביי אַלמנות . . . אַזאַ מאַסקע איז די צווייטע שוועסטער פון די „אַראָפּגעלאָזטע אויגן". אַזאַ מאַסקע איז דער ייִד חנינה בעל־עגלה, וואָס הונגערט אויס זיין פערד — פון גוטסקייט וועגן . . . (אין : „אַ דין תורה".)

די אַלע שילדערונגען פאַלן אריין אַממערסטנס אין סאַטירע. אַזאַ איז אויך די קרעפטיקע סאַטירע, די „פרומע קאַץ", וואָס פרעסט אויף די דריי קאַנאַריקלעך, „פון גוטסקייט וועגן".

און נאָך אַ צענטראַלע געשטאַלט באַווייזט זיך אָפט ביי פּרצן — דער פאַרבענקטער, דער מענטש וואָס רייסט זיך צום ווייטן חלום. דער מענטש וואָס גייט, אָדער וויל גיין, צו זיין לייטערונג, צו זיין ריי־ניקונג. דער מענטש וויל זיך דערהויבן. דער מענטש וויל זיך אַנטפּלעקן.

דאָס „קראַנקע ייִנגל" איז אַזאַ. ער און די לבנה זענען איינס.

און די „מקובלים", דערהויפּט דער יונגער מקובל, איז אַזאַ. ער וויל דערגיין צום העכסטן געזאַנג — געזאַנג אָן ניגון . . .

אָט די פאַרבענקטקייט גיט פּרצן אַ יוגנטלעכן אימפּעט אין זיין שאַפן. אַ טיפע, הייסע ראָמאַנטישקייט.

אַזאַ איז די יונגע מרים אין „די גאָלדענע קייט". חלומות און ראָמאַנטיק.

אַזאַ איז דער קלעזמער אין „וואָס אין פידעלע שטעקט".

ניגון, עראָטיק, ראָמאַנטיק, און יונגע בענקשאַפט — צו־זאַמענגעמישט.

אַזאַ אפילו איז „די ווילדע בריאה".

אַזאַ איז משה יוסעלעס פון דער דערציילונג : „אַז מען זאָגט משוגע — גלייב", וועלכער בענקט נאָך זיין פאַרשטאָרבענער ווייב.

ניט אומזיסט באַנוצט פּרץ אַזוי פיל די ווערטער : „ניגון" און „בענקשאַפט" און „ליבשאַפט". מער פון אַלץ : ניגון.

און עס קומט אויך די געשטאַלט וואָס קען זיך מקריב זיין — פאַר אַ הייליקער זאַך.

קומט די פרווי פון „פדיון שבוים", וואָס איז זיך מקריב פאַר אַן אָרימען, אַרעסטירטן אַרענדאַר.

קומט די דערציילונג „מסירת נפש".

און אַהער געהערן פאַקטיש אויך די מערסטע געשטאַלטן פון זיינע געדולדיקע שווייגער. אויך זיי געהערן צום מאָטיוו פון — קרבן.

זייט ביי זייט מיט די אַלע געשטאַלטן, באַווייזט זיך אויך דער מענטש — דער צעריסענער, וועלכער קעמפט פאַר זעלבסט־דערקענטעניש פאַר זיין „איך". ווער בין איך? — רופן אָט די דאָזיקע מענטשן, אַזוי ווי דער אָדם קדמון האָט גערופן אין דעם ערשטן טאָג פון יצירה . . .

אַזאַ איז דער „משוגענער בטלן" איינס פון פּרצעס גאָר ערשטע זאַכן. און אַזאַ איז אייגנטלעך אויך זיין בדחן, פון דער פּאָעמע „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" — איינע פון פּרצעס גאָר לעצטע געשטאַלטן. דער בדחן איז אַ מענטש — אַ צעריסענער. האָפנונג און יאוש, און מוסר, און מיטגעפיל, פאַראַכטונג און אַכטונג . . . וואָס ער רעדט אין איין פערז שטימט ניט אַקוראַט מיט דעם וואָס ער רעדט אין צווייטן פערז.

אַזוי איז אויך דער אַרענדאַר וואָס דורך פאַרבלענדעניש איז ער דאָ און ניטאָ, ער איז נאַקעט און אָנגעטאָן, ער איז ער — און ניט ער. „פאַרבלענדעניש"— אויך אַ באַליבט וואָרט ביי פּרצן.־

דאָס זענען פּרצעס הויפּט־געשטאַלטן, און דערביי אַ שלל מיט נעבן־געשטאַלטן און נעבן־מאָטיוון. די געשטאַלטן זענען זיינע: מאָטיוון, און די מאָטיוון — זיינע געשטאַלטן. (די נעבן־מאָטיוון דאָס איז פּרצעס „מאמר המוסגר", די פאַרענטעזע, — און אַמאָל שטערט עס, ווייל דער איינגערינגלטער מאָטיוו פאַרנעמט זיך ביי אים איינצושלינגען דעם אָפּענעם הויפּט־מאָטיוו.)

און פאַראַן ביי פּרצן די צוויי געשטאַלטן פון אָרים און רייך — דער רייכער און דער אָרימער. די מערסטע פון אָט די טיפּן געהערן צו פּרצעס סאָציאַליסטישע שטימונגען (אָדער צו די שטימונגען פון חסידיזם, וואָס האָט געבראַכט נאָענטקייט צום ניט־געלערנטן און צום אָרימאַן, צו דער מאַסע) אַזוינע זיינען זיינע פּאָפּולערע סאָציאַלע לידער און פּאָעמעס: „מיין ניט די וועלט איז אַ קרעטשמע", „ביים פרעמדן", „חופּה־קלייד", די „דריי נייטאָרינס", די מעשה — געבויט אויף חסידישן לעבנס־שטייגער „הכנסת כלה"; די מעשה „דער אַרענדאַר", וועלכער וויל ניט העלפן דעם אָרימען וואַנדרער. און נאָך אַנדערע זאַכן.

אַ באַזונדער אָרט פאַרנעמט ביי פּרצן די געשטאַלט פון דער יידישער פרוי. ער באַציט זיך צו דער פרויען־געשטאַלט מיט אַ באַזונדער פיעטעט און ליבשאַפט. ער פירט אַרויס אַ רייע אידעאַליסטישע פרויען, וועלכע טראָגן די לאַסט פון יידישן לעבן אויף

זייערע פּלייצעס, כאָטש זייער אייגענע פּערזענלעכקייט איז דער־דריקט. די פרוי וואָס טראָגט אַ שווערן יאָך, און פּאַריאָכט און דערנידעריקט — בענקט זיך דאָך נאָך „הימל", דערהויבנקייט. ער דערפירט די פרוי („אַ כעס פון אַ יידענע", „אינם פּאָסט־וואָגן", „שלום בית", „האשה מרת חנה", „מענדל ברייה נעמ", „די אלמנה") ביז צו דער געשטאַלט פון שרה בת טובים, וועלכע באַווייזט זיך אין אַן עת צרה, (אין „אַ זיווג") און העלפט דאָס פאַרצווייפלטע כלה־מיידל און די פּאַריאָושטע טאַטע־מאַמע... ניט נאָר אליהו הנביא קומט אין אַן עת צרה, — ביי פּרצן — נאָר אויך ש ר ה ב ת ט ו ב י ם . . .

פּרץ איז געקומען צו אָט דער באַציאונג דורך עטלעכע וועגן: זיין אייגענע ראָמאַנטישע באַציאונג צו דער פרוי; די באַציאונג צו דער פרוי פון די סאָציאַליסטישע און הומאַניטאַרע שטימונגען: דאָן פּרצעס אידעאַליסטיש־קינסטלערישע נייגונג צו דערהויבן גע־דריקטע צו אַ אידעאַלער הייך! און אויסער דעם דער צושטאַנד ביי יידן, וואָס די פרוי איז געווען באַזייטיקט פון מצוות, פון תורה. פּרץ האָט וועגן דעם טאַסע אַ סך געשריבן, און האָט אויס־געפירט אַז צוליב דעם אסימילירט זיך די יידישע פרוי גיכער ווי דער מאַן. מען האָט די פרוי ניט פאַרטיפט געגוג אין יידישן לעבן, אין יידישן־גייסט. די פּאָר מצוות וואָס די פרוי האָט גע־דאַרפט דערפילן זענען געגוג געווען אין אַ ענגער געטאָ. אָבער ביי אַ געעפנטער געטאָ קלעקן ניט אַ פּאָר מצוות צוצוהאַלטן די פרוי אין קאַמף פאַר יידיש לעבן און יידישער קולטור.

אָט די אַלע אויסגערעכנטע מאָטיוון, אָנגעטאָן אויף פּרצעס געשטאַלטן, קען מען אויך געפינען אין זיין ליריק, אין זיינע לי־דער. פאַראַן דאָרט גראַטעסק־פּערזן; פאַראַן דאָרט ראָמאַנטישע פּערזן, פאַראַן דאָרט לידער פון ליבשאַפט און בענקשאַפט, יוגנט־לעכקייט, און לידער וואָס אָטעמען מיט טיפן צער און טראַגיזם. (אגב, פּרצעס בעסטע פּערזן און בעסטע לידער געפינען זיך אין זיינע דראַמאַטישע פּאָעמען.)

דאָס זענען פּרצעס הויפּט־מאָטיוון און פּרצעס הויפּט־גע־שטאַלטן.

דאָס איז פּרצעס קינסטלערישער וועג.

די געשטאַלטן זענען נאָך אַלעמען ניט אַזוי שאַרף אָפּ־געטיילט איינע פון דער אַנדערער. אָפט איז די ליניע (אָדער „דאָס שפּאַנישע ווענטל"...) וואָס טיילט זיי אָפּ זייער אַ דינע.

דער דערמאָנטער „זינדיקער", וואָס האָט עפּעס אין זיך פון „מאָניש" קומט, צום ביישפּיל, צו נאָענט אויך צו דער לויטערער געשטאַלט פון דעם רבין ר' שלמה, וואָס וויל אייביקן שבת. וואָרום אויך דער „זינדיקער" (פון „אין פּאַליש אויף דער קייט") וויל דערהייבונג, וויל גרויסן חלום, הייליקע ליבשאַפט, אויך דער „זינדיקער" קעמפט אין תוך פאַר דער דערהייבונג פון דער פּערזענלעכקייט.

און דאָס דוכט מיר, איז ד ע ר ר ו י ט ע ר פּ אָ ד ע ם , ו ו אָ ס ב י נ ד ט אַרום אַלע פּרצעס ווערק, און אַלע פּרצעס געשטאַלטן. ד ע ר ק אַ מ ף פ אַ ר ד ע ר פּ ע ר ז ע נ ל ע כ ־ ק י י ט ! פּרץ האָט טאַקע דאָ און דאָרט אידעאַליזירט דעם קליינעם מענטשן, דעם נידעריקן. אָבער אין תוך איז פּרץ געבליבן דער קעמפער פאַר דער גרויסער געשטאַלט, פאַר דער דערהויבענער, פאַר דער גרויסער, באַפרייענדיקער פּערזענלעכקייט. פּרץ האָט אייביק געזוכט דעם ריטם פון דער יידישער פּערזענלעכקייט. (פּונקט ווי שלום עליכם האָט אייביק געזוכט דעם ריטם פון יידישן פאָלקס־לעבן.)

אָט, — אַרומגערינגלט פון אָט דער באַנד — קומען זיך צו־זאַמען: דער זינדיקער, און דער רבי, און דער געדולדיקער, און דער ייד מיט גרויסן בטחון, און די אַלע ליידנדיקע, געדולדיקע פרויען, און דער אָרימאַן, און אויך דער רייכער, וואָס ליידט פון זיין שלעכטסקייט, דער בדחן, און דער „לעקטאָר" (פון „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק") און אַלע, אַלע גיבן זיך די הענט, אַקסל צו אַקסל, און עס צעשפּילט זיך פּרצעס טאַנץ, דער טאַנץ פון זיינע גע־שטאַלטן. און עס צעגיסט זיך דער ניגון, פּרצעס ניגון — דער ניגון פון בענקשאַפט, פון אומרו, פון חלום, צוזאַמענגעגאָסן מיט טיפן צער — דער צער פון מענטש, און דער צער און טראַגיזם פון יידישן לעבן.

5

# אין קאַמף פאַר אונדזער לעבן

אין אַ סצענע פון „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק", ריכטן יידן אָפּ חצות און עס צעגיסן זיך זייערע וויינענדיקע שטימען:

זע, גאָט, ווי אונדז איז דערגאַנגען,
זייט דו האָסט דיין פּנים אָפּגעווענדט.

אונדזערע זין זענען געפֿאַנגען,
אונדזערע טעכטער — געשענדט.
דו האָסט דיך, אין געדעכטן צאָרן,
פֿאַר אונדז מיט וואָלקנס זיך פֿאַרצוימט,
און דער ים פֿון רשעות שוימט,
קהלות — חרוב ונחרב געוואָרן,
שולן פֿאַרברענט,
תורות געשענדט . . .

טראָגן זיך טענער פֿון פּרצעס „חצות" און זיי קלאַפּן אָן אין אונדזערע היינטיקע טירן. מיר לעבן איצט — אין יאָר 1940 — אַדורך די זעלביקע שווערע שטימונגען.

נאָנטע צו פּרצן דערציילן, אַז ער האָט אין די לעצטע פּאָר יאָר פֿון זיין לעבן זיך געפֿילט זייער שלעכט, וואָס די טראַגישע טענער פֿון „ביינאַכט אויפֿן אַלטן מאַרק" זאָלן זיין זיינע נייסטע, זיינע לעצטע טענער, ער האָט נאָך געהאָפֿט אַנדערע, פֿריילעכערע טענער אויפֿצווזינגען פֿאַר אונדז. ער האָט זיך געריסן צו שטיפֿערישע „קינדער־לידער". ער האָט געוואָלט איבערקומען אין זיך די טיפֿע טראַגיק. ער האָט ניט געוואָלט אַרונטערפֿאַלן צו יאוש.

אָבער פּרצעס טראַגיק, אַפֿילו אויך פֿון די לעצטע שאַפֿונגען זיינע, האָבן אויף אונדז — די נאָכגעקומענדיקע — ניט געווירקט ווי יאוש־טענער. פֿאַרקערט, פּרץ האָט אויף אונדז אַלעמען גאָר געווירקט אין דעם פֿאַרקערטן זין — ער האָט געווירקט צו מוטיקן אין אונדז דעם ווילן צו לעבן און דעם ווילן צו קעמפֿן פֿאַר אונדזער לעבן. אין די יאָרן פֿון אויפֿגאַנג פֿון אונדזער לעבן, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז דווקא פּרץ געוואָרן די פֿאָן פֿון דער יוגנט.

פּרצעס לעבנס־אימפּעט און פּרצעס פּאַטאָס איז שטאַרקער פֿון זיין טראַגיזם. פּרצעס לעבנס־ענערגיע איז שטאַרקער פֿון „אַ טרוים אין אַ פֿיבער־נאַכט".

נעמען מיר צונויף פּרצעס בטחון, פּרצעס יידישע גדלות־דיקייט און גלויבן אויך איצט, אַז „ניט אייביק איז די נאַכט". אונדזער יידישע פֿאָלקסטימלעכקייט און יידישער לעבנס־שטייגער וועט נאָך צו זיך קומען ביי אַ געענדערטער וועלט־לאַגע. פּרצעס ייד מיט דער פֿאַרבלוטיקטער יאַרמולקע, וועט זיך נאָך צוריק אַרומכאַפּן מיט טביה דעם מילכיקן, מיט שלמה ר' חיימס — מיט די אַלע ליבע און טייערע געשטאַלטן פֿון אונדזער פֿאָלקס־לעבן.